# ייִדישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט
# ŻYDOWSKI INSTYTUT NAUKOWY
# YIDDISH SCIENTIFIC INSTITUTE

Wiwulskiego 18, Wilno / וויוולסקי־גאַס 18, ווילנע






ט־ב 39, 20224

מיי 17, 1939.

ד"ר אטטא שנייד,
תל־אביב.

זייער חשובער פריינד,

מיר האבן זיך אמתדיק דערפרייט צו באקומען פון אייך א גרוס. מיר האפן, אז סוף־כל־סוף וועט איר אין אייער נייער היים געפינען אן אנווענדונג פאר אייערע כוחות און וויסן און אז איר וועט אויך מיט אונדז שטיין אין א שטענדיקן קאנטאקט.

וואס שייך אייער טענה מכוח אייער עטיוד וועגן דער יידישער פאנעטיק, ווייסט איר דאך מן הסתם, ווי מען איז ברוך השם שטענדיק איבערגעלאדן מיט דרינגלעכער ארבעט. דער ייווא איז פאר די לעצטע פאר יאר קיין עין הרע גאר שטארק אויסגעוואקסן און צוליב די דרינגלעכע זאכן מוז מען א מאל אוועקלייגן דאס און יענץ אין דער לאנגער באנק אריין. מיר וועלן אייך וועגן עטיוד נאך אנשרייבן אדער אים אייך אפשיקן.

די "ייווא־בלעטער" מיט אייער רעצענזיע אויף דיאמאנטס בוך האט איר שוין מן הסתם באקומען. די "ידיעות" וועט איר מהיום והלאה אויך באקומען פינקטלעך.

מיר וועלן אייך זאגן א יישר־כוח, ווען איר וועט איבערגעבן אונדזער גרוס די פ"פ שיינבערג און לובאצקי און בעטן זיי, זיי זאלן אונדז דירעקט אנשרייבן. מיר וועלן מיטן גרעסטן כבוד נאכקומען זייערע בקשות און וועלן זיין צופרידן צו הערן פון זיי.

ארויסקוקנדיק אויף אפטע ידיעות פון אייך גריסן מיר אייך גאר פריינדלעך
אין נאמען פון אויספיר־ביורא

[illegible]

זר/רב

ייִדישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט – ייִוואָ
535 וועסט 123סטע גאַס, ניו־יאָרק 27, נ״י
YIDDISH SCIENTIFIC INSTITUTE—YIVO
535 WEST 123RD STREET, NEW YORK 27, N. Y.



Tel. ACademy 2-0600 טעל׳
Cable Address: קאַבל־אַדרעס
YIVO, NEW YORK

ביוראָ פֿון וויסנשאַפֿטלעכן דירעקטאָר
OFFICE OF THE RESEARCH DIRECTOR

דעם 16טן אַפּריל 1947

ד״ר אסא נפתלי שנ״ד
ירושלים

טײַערער פרײַנד,

א גרויסן דאנק אײַך פאר אײַער בריוו. איך האָב זיך באמת דערפרײַט מיט א גרוס פון אײַך נאָך אזא מין לאנגער צײַט. הגם עס איז פאר מיר קײן נײַס ניט געווען, אז איר לעבט און ארבעט אין ארץ־ישראל, בין איך געווען זײער צופרידן צו הערן פּרטים וועגן אײַער לעבן. גריסט הארציק אײַן מײַן נאָמען אײַער פרוי און אײַער זון.

אוודאי איז דער ייִוואָ פאראינטערעסירט אין עקזעמפּלארן פון אלצדינג וואָס איר האָט ארויסגעגעבן, איצטער אָדער אין דער אײראָפּעישער צײַט. מיר פּרוּוון זיך ווײַט מיגלעך אויפבויען די חורבות פון אונדזער גאנצער ווילנער אוצר האָבן מיר נאָך דאָ דערווײַל כמעט ווי גארנישט, אבער פארט האָבן מיר דאָ שוין געשאַפן א ביבליאָטעק פון קרוב צו זעכציק טויזנט אײַנסן, אן ארכיוו וואָס איז שוין נאָענט צו א האלבן מיליאָן אײַנסן, און אָפּגעדרוקט שײנע טויזנטער וויסנשאפטלעכע ליטעראטור אין אונדזערע אמעריקאנער יאָרן. אלצדינג קומט אָן זײער שווער, אבער פון דעסט וועגן רוקן מיר זיך פאָרויס.

אינעם נאָענטסטן נומער ייִוואָ־בלעטער וועט זײַן אן ארבעט פון פּרי׳ ווישניצער, וואָס וועגן איר וואָלט איך גרײַלעך וועלן האָבן אײַער מײנונג. די טעמע איז: „מיזרח־מערבדיקע בינדונגען אין דער סינאגאגאלער ארכיטעקטור פון 1בטן ביזן 18טן י״ה“. דאָרטן ווערט אויך ציטירט אײַער ארבעט אין סני. בכלל זײַנען מיר נאָך אלץ פאראינטערעסירט אין קונסט, אבער מיר האָבן ניט קײן גרויסע מיגלעכקײטן זיך אָפּצוגעבן דערמיט. אונדזערע צענטראלע אויפגאבעס זײַנען דרײַ: 1) וויסנשאפטלעכע פּראָדוקציע אין אונדזערע דירעקטע פעלדער; 2) קלײַבן היסטאָרישן מאטעריאל, קודם־כל וועגן דער לעצטער תקופה, און 3) אויפבויען אן אײבערשול פאר ייִדישע סאָציאלע וויסנשאפטן.

מיר שטעלן אײַך ארויף אויף דער פּאָסטליסטע פאר די ידיעות, און פון איצט אָן וועט איר זײ באַקומען רעגולער.

מײַן פרוי און בײדע בחורים זײַנען דא, אבער
װײַטער איז פון דער גאנצער משפחה קײנער נישט געבליבן.

מיט די הארציקסטע גרוסן,

אײַער,

מ. װײַנרײַך

מ. װײַנרײַך
װיסנשאפטלעכער דירעקטאר

מװ:חג

ייִדישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט – ייִוואָ
535 וועסט 123סטע גאַס, ניו־יאָרק 27, נ״י
YIDDISH SCIENTIFIC INSTITUTE—YIVO
535 WEST 123RD STREET, NEW YORK 27, N. Y.



Tel. ACademy 2-0600 טעל׳
Cable Address: קאַבל־אַדרעס
YIVO, NEW YORK

ביוראָ פֿון וויסנשאַפֿטלעכן דירעקטאָר
OFFICE OF THE RESEARCH DIRECTOR

דעם 5טן יוני 1947

ד״ר אסא שנײד
ירושלים

טײערער פרײנד,

איך האב געוואלט צוווארטן מיט דער תשובה אויף אײער בריוו פון 13טן מײ ביז ס'וועט אנקומען אײער בוך וועגן דורא־אײראפאס, אבער דאס בוך איז נאך ניטא און איך וויל ניט אפּלײגן לענגער.

איך פארשטײ גוט די פסיכישע סיטואציע, אין וועלכער אײער בריוו איז געשריבן, אבער צום באדויערן קען דער ייווא אין דעם גארניט טאן. מיר זײנען א קלײנע ארגאניזאציע וואס קעמפט טאג־טעגלעך ביטער פאר איר קיום. אין א געוויסן זינען איז אונדז געווען בעסער אין ווילנע, בשעת איר זײט געווען מיט אונדז, כאטש ווער ווײס נאך אזוי גוט ווי איר, אז מיר האבן יעמאלט אויך געקײט די ערד. אמעריקאנער ייִדן ווײסן א סך זאכן, אבער אז מען זאל דארפן קולטור־ארבעט, און ווער רעדט נאך וויסנשאפטלעכע ארבעט, און ווער רעדט נאך פארבונדן מיט ייִדיש –– דאס האבן זײ זיך נאך ניט אויסגעלערנט. דעריבער איז גארניטא וואס צו טראכטן, אז מיר זאלן זיך דערווײל קענען זיך פארמעסטן אויף ברײטערע פלענער. ישיבות זײנען אין דעם פרט אין א סך א בעסערער פאזיציע, ווײל פון רעליגיע האלט מען דא זײער שטארק.

פון דאנען זעען אויס די פערספעקטיוון פון ארץ־ישראל די לעצטע צײט א סך בעסער, און דעם אמת זאגנדיק, זײנען מיר גאר דא מקנא די אינטעלעקטועלע אטמאספער וואס איר האט דארטן. לאמיר האפן, אז בקרוב וועט זײן בײ אײך שלום און איר וועט געפינען א פלאץ אנצווענדן אײערע רײכע פעיִקײטן. דא איז צום באדויערן ניט דער פלאץ.

דער נומער ״ייווא־בלעטער״ מיט פרי' ווישניצערס ארטיקל האט פארשפעטיקט; ער גײט ערשט ארײן אין דרוק אין א טאג צען ארום, און ארויסשיקן אים וועלן מיר מסתמא קענען ניט פריִער ווי אין א דרײ וואכן ארום.

האט קײן פאראיבל ניט, וואס איך גיב אײך אזא ענטפער, איך שרײב אײך ווי דער אמת איז.

מיט די הארציקסטע גרוסן,
אײער איבערגעגעבענער,

מ. ווײנרײך

מ. ווײנרײך
וויסנשאפטלעכער דירעקטאר

מוו:חג




**יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט — ייוואָ**
535 וועסט 123סטע גאַס, ניו־יאָרק 27, נ״י

**YIDDISH SCIENTIFIC INSTITUTE—YIVO**
535 WEST 123RD STREET, NEW YORK 27, N. Y.

Tel. ACademy 2-0600 טעל׳
Cable Address: קאַבל־אַדרעס
YIVO, NEW YORK

ביוראָ פון וויסנשאַפטלעכן דירעקטאָר
OFFICE OF THE RESEARCH DIRECTOR


דעם 24סטן נאָוועמבער 1947

ד"ר אסא שנייד
ירושלים

טייערער פריינד,

א גרויסן דאנק אייך פאר אייער לעצטן בריוו. עס איז מיר א גרויסער וונדער, וואס דער נומער "וואָ־בלעטער" מיט פרץ׳ ווישניצערס ארבעט איז צו אייך נים דערגאנגען. א וונדער און א שאד, ווייל גראד זיינען פון דעם נומער געבליבן געציילטע עקזעמפלארן. מיר וועלן אייך ארויס־שיקן אדער א צווייטן עקזעמפלאר אדער א סעפאראט פון פר׳ ווישניצערס ארבעט. איך בין זייער פאראינטערעסירט צו הערן אייער אויפריכטיקע מיינונג וועגן דעם, און אויב איר האט טענות אדער איר ווילט אפפרעגן איר טעזיס, זיינען די שפאלטן פון די "וואָ־בלעטער" אפן פאר אייך.

איך האב מיט פארגעניגן געהערט וועגן אייער אינטענסיווער אר־בעט. אן ארבעט וועגן רעמבראנדטן אין א צווייטער אויפלאגע און אן ארבעט וועגן גריכישער קונסט מיט אייגענע נייע אויספירן -- דאס איז באמת א רעקארד. איך טראכט גאר, צי וועל איך נישט נעמען מקנא זיין, וואס מיין גאנצע צייט כמעט גייט אוועק אויף ארגאניזאטארישער און לערערשער ארבעט און ס׳בלייבט אזוי ווייניק פאר אייגענער פארשונג. אבער אין די ספרים שטייט, אז קינאה איז א שלעכטע מידה. שיקט אונדז צו, איך בעט אייך, די דאזיקע ארבעטן און אלע אנדערע זאכן וואס איר קענט. מיר האבן נאר איין בוך אייערס, ווייטער גארנישט. פאר די אויסגאבעס פון ייוואָ שטעלן מיר אייך ארויף אויף דער פאסטליסטע. באשטעטיקט ווען איר וועט עפעס באקומען.

ווען עס וועט האלטן אי"ה ביי אייער פארן קיין אמעריקע וועלן מיר אייך מיט פארגעניגן שיקן אזא בריוו ווי איר דארפט. צי מיר וועלן קענען איינארדענען אייערע לעקציעס (ד"ה פאר געצאלט) וועלן מיר זען יעמאלט; לאמיר האפן, אז מיר וועלן שוין האלטן בעסער איידער היינט.

אייער געדאנק וועגן א רשימה פון איבערגעבליבענע "וואָ־פריינד איז זייער א גוטער, אבער מיר ווייסן נישט וואס צו טאן פריער. די לויפיקע ארבעט שלינגט איין אין גאנצן. ווי שווער עס איז ניט געווען אין ווילנע, איז דא נאך אן א שיעור שווערער צוליב דער ספעציפישער סיטואציע אין לאנד. אגב, ד"ר מאהלער איז שוין מסתמא אין ארץ־ישראל און איר האט זיך שוין מיט אים געזען, רעכן איך.

מיט דער ווארשעווער "ידישער געזעלשאפט צו פארשפרייטן קונסט האבן מיר זיך דורכגעשריבן, אבער איך זע ניט וואס מיר קענען פאר זיי טאן. מיר זיינען אזוי געענגט אין געלט, אז מיר קענען גארניט קלערן וועגן שטיצן זייי מאטעריעל. אויב זיי וואלטן געדארפט אונדזערע א רעקאמענ־דאציע ביי אנדערע, וואלטן מיר דאס גערן געטאן; אבער מסתמא דארפן זיי

ניט קײן רעקאמענדאציעס. זײ זײנען קענטיק אין גאר א שווערן מצב ווײל ביז הײנטיקן טאג האבן זײ, ווי עס זעט זיך פון זײערע בריוו, נאך אפילו ניט אויסגעפונען, וואסערע שולן אויף דער טעריטאריע פון הײנטיקן פוילן זײנען געבליבן גאנץ נאכן חורבן.

איך קוק ארויס אויף א בריוו פון אײך.

מיט די הארציקסטע גרוסן,

אײער איבערגעגעבענער,

מ. ווײנרײך
וויסנשאפטלעכער דירעקטאר

גריסט אויך אײער פרוי אומבאקאנטערהײט.

מוו:חג

